אַ. פּעראָווסקאַיאַ

# הירשעלע





,,קינדער-פריינד", ווארשע 1936

ביבל. ב

א. פעראחסקאיא

# הירשעלע

יידיש: ש. האלקין



„קינדער-פריינד“ װאַרשע 1936

# 1

הירשעלען האָט מען געבראַכט בײַנאַכט. אינעם קלײנעם װאַלד־שטיבל זענען שוין אַלע געשלאָפן. דורכן רױש פֿון פֿאַלנדיקן באַרג־טײַכל האָבן זיך דערהערט געשרײען:

— נ—נ—נ—אָ—אָאָ! הײַדאַ!

דער שװערער אָנגעפּאַקטער װאָגן האָט זיך אַ ריס געטאָן און שטײן געבליבן בײַם גאַנעקל. די פֿערד זענען געשטאַנען אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און שװער געאָטעמט. דער װאַלד־װעכטער טשובאַרין האָט מיטן בײַטש־שטעקל אָנגעקלאַפּט אין שױב פֿון שטיבל.

— אָט לױף איך עפֿענען! — האָט זיך פֿון שטיבל אַרױס דערהערט דער באַלעבאָסטעס קאָל.

בעשאַס זי האָט זיך אין שטוב געפּאָרעט, האָט דער װאַלד־װעכטער מיט זײַן כאַװער, װאָס איז צוזאַ־מען מיט אים געקומען, צעבונדן עפּעס, װאָס איז אױפֿן װאָגן געלעגן אױסגעצױגן, דערנאָך האָט ער עס פֿאָר־זיכטיק אױף דער ערד אַנידערגעלײגט און די שטריק אַראָפּגענומען.

3 דאָס פֿערד האָט אומגעדולדיק מיטן נאָז אין טױער

געקלאַפּט: עס האָט זיך שטאַרק נאָך דער היים פאַרבענקט.

באַלד האָט זיך דער טויער ברייט צעעפנט און דער וואָגן איז אַרײַנגעפאָרן אין הויף.

— אַננאַ, — האָט טשובאַרין זיך געווענדט צו זײַן פרוי, — ווהין וואָלט מען געקאָנט אַן ערעך אָט דעם פּאַסאַזשיר אַהינטון? מיר האָבן די קינדער אַ מאַטאָנע געבראַכט. — ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ קליין באַשעפעניש, וואָס האָט אין דער פינצטער אויסגעזען ווי אַן ערשט געבוירן קעלבל.

— סאַראַ קליינינקס! סאַראַ ווילס! עס איז געווייס מיד, נעבעך. זע, ווי סטרײַסלט זיך! — האָט אַננאַ אַ זאָג געטון פאַרוואונדערט, דערזעענדיק דעם גאַסט.

— פיר עס אָקאָרשט אַהער אין שטעלכל אַרײַן. אָט אַזוי. דאָ אויפן היי וועט עס זיך אַביסל אויסרוען.

— און עסן געבן דאַרף מען אים נישט?

— ־ יי, אַצינד וועט עס גאָרנישט עסן. ערשט פון וועג. שטאַרק זיך אָנגעטרייסלט. זאָל עס אָפּרוען. אינדערפרי וועסטו אים אַביסל מילך געבן.

טשובאַרין האָט גענומען די „מאַטאָנע" אויף די הענט, אין שטעלכל אַרײַנגעטראָגן, פריש היי אויסגעבעט און פאָרזיכטיק דעם גאַסט אַנידערגעלייגט.

— נו, און איצט — האָט ער אַ זאָג געטון צום ווײַב, פאַרמאַכנדיק די שטאַל, — איצט גיב אונדז עפּעס אין מויל אַרײַן. מיר זענען ביידע שטאַרק הונגעריק.

פאַרבײַגייענדיק האָט טשובאַרין גוטמוטיק אויפֿן שטוב־הונט מאַלאַיִקן זיך אָנגעבייזערט.

מאַלאַיִק איז פֿאַר פֿרייד שיִר פֿון זינען נישט אַראָפּ. ער איז אַנטקעגן די פֿערד געשפּרונגען, דערנאָך איז ער, שטייענדיק אויף די הינטערשטע פֿיס, מיט די פֿאָדערשטע דעם באַלעבאָס אויפֿן ברוסט געקראָכן, דערנאָך זײַנע שטיוול באַלעקט און פּלוצים מיט אַ קוויטש און בילערײַ איבערן הויף זיך אין אַ דריידל געלאָזט.

אַרײַנגייענדיק אין שטוב, האָט מען אויפֿגעוועקט וואַסיען, טשובאַרינס עלטערן זון. ער איז צום טײַכל געגאַנגען, אָן עמער וואַסער געבראַכט און גלײַך טיי געמאַכט. בײַם טיי האָט מען דערציילט, ווי אַזוי הירשעלע איז געבליבן שטיין אײנער אַליין אינמיטן וואַלד לעבן דער מוטער זײַנער, וועלכע פֿרעמדע יעגער האָבן דערהרגעט.

— ס׳איז פּאַשעט אַ פֿאַרברעכן אָנהייבן פֿרילינג צו גיין אויף יאַגד. איך האָב שוין נישט איין מאָל מיט די יעגער זיך געאַמפּערט. נו, וואָס טוט מען אצינד מיטן יאָסעמל? כ׳האָט נאָך געפּרוּווט זיך ראַטעווען פֿון אונדזערע הענט, געוואָלט אַנטלויפֿן ... אַ לעבעדיקס אהיים געבראַכט־צופֿירן. זאָל עס וואַ... זיך האָדעווען בײַ אונדז אין הויף — האָט טשובאַרין געזאָגט און זײַן פֿרוי איז מיט אים מסכּים געווען.



איר איז הירשעלע פֿון דער ערשטער רגע אָן

געפעלן געוואָרן, דערפאַר האָט זי גלײַך דעם מאַנס פאָרשלאַג אָנגענומען.

נאַסטיע און פעטקאַ, וואָס זענען אויפן אויוון גע־שלאָפן, האָבן זיך דערווײַל אויפגעכאַפּט. דערהערט, אַז טאַטע־מאַמע רעדן וועגן עפּעס אַ מאַטאָנע, האָבן זיי די קעפּלעך פון הינטערן פאָרהענגל אַרויסגעשטעקט און פעטקאַ האָט פאַרשלאָפן געפרעגט:

— מאַמע, און עסן קען מען עס?

— אָט אַ נאַר! — האָט זיך נאַסטיע צעלאַכט (זי האָט דעם טאַטנס לעצטע ווערטער וועגן הירשעלען געהערט) — ער איז דאָך אַ לעבעדיקער. מאַמע, ווער איז ער?

—

— שלאָפט, שלאָפט — איר וועט מאָרגן זען.

## 2

צומאָרגנס איז אַננאַ אויפגעשטאַנען באַגינען, אויפגעוועקט וואַסיען און בײדע זענען אין הויף אַרויס.

— די פערד זענען אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען אָן עסן, זיי האָבן זיך רעכט אויסגעהונגערט און, דער־שפּירנדיק מענטשלעכע טריט, זיך לײַכט צעהירזשעט.

וואַסיע האָט פון זיי דאָס געשפּאַן אַראָפּגענומען און זיי צום טײַכל אַוועקגעפירט, דאָרט האָבן זיי זיך אָנגעטרונקען און צוריקקומענדיק געשמאַק אויף בײדע באַקן דאָס היי געקײַט.

די באַלעבאָסטע האָט אויסגעמאָלקן די קו און

אַרויסגעלאָזט זי אין די בערג זיך פּיטערן. אַליין איז זי אַרײַן אין שטוב, אָנגעגאָסן אין אַן עמער אַ ביסל מילך, צוגעגאַנגען צום אַיווון און אויפגעוועקט נאַסטיען:

— נו, נאַסטיע, שטיי אויף, מיר וועלן גיין אונדזער גאַסט געוואָר ווערן!

נאַסטיע האָט זיך טייקעף אויפגעכאַפּט, אויפדערגיך זיך אָנגעטון און איז באַלד נאָך דער מאַמען אַרויס אויפן הויף אַרויסגעלאָפן. זי האָט אינגאַנצן געציטערט, נישט אַזוי פון דער אינדערפרי־יעדיקער קעלט, ווי פון גרויסער פרייד און אויפרעגונג.

די טיר פון שטעלכל איז שוין געווען ברייט אויפגעפּראַלט און וואַסיע האָט דאָרט אינעווייניק צו עמעצן גוטמוטיק גערעדט:

— נו, נו, נאַרעלע, זאָל שוין זײַן גענוג.

לעבן אים אויפן שטרוי איז געשטאַנען אַ קליינינק הירשעלע און האָט זײַן פינגער געזויגן.

נאַסטיע האָט נישט געוווסט וואָס צו טון פאַר פרייד. זי איז צוגעגאַנגען נענטער, זיך צוגעזעצט אויף די שפּיץ־פינגער און גענומען אים גלעטן איבער זײַן צאַרט פיסקעלע און איבער זײַנע שלאַנקע, דינע פיסלעך. זי האָט אים אין די אויגן אַרײַנגעקוקט און נישט אויפגעהערט נאָכצופרעגן זיך:

— פאַרוואָס זענען בײַ אים די פיסעלעך אַזוי דין? וויפל איז ער אַלט? ווו איז זײַן מאַמע? איז ער אויפן וואָגן געקומען צופאָרן? זעט נאָר, זעט, ווי ער

לעקט די האַנט מײַנע! ער איז געווים זייער הונגעריק!

די מאַמע האָט אים אַרײַנגעשפּאַרט אַ פינגער אין מויל און דערנאָך זײַן קאָפּ אַרײַנגעבויגן אין עמער מיט מילך. הירשעלע האָט פאַרשטאַנען איר מיין — ער האָט פריִער עטלעכע מאָל איר פינגער אַ זויג געטון און דערנאָך גענומען זיך צום מילך אין עמער. ער האָט גיך און דורשטיק געשלונגען, פאַרכלינעט זיך, ווען ס'איז אים מילך אין די נאָזלעכער אַרײַן.

זײַנע דינע, שלאַנקע פיס האָט ער ברייט פונאַנדערגעשטעלט — ער זאָל זיכערער שטיין, אָדער ווי נאַסטיע האָט דערקלערט, קעדיי עס זאָל מער אין אים אַרײַן. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער מיטן קאָפּ אין דעק פון עמער קלאַפּן, אַזוי ווי עס טוען ציג-קעלבלעך: זיי קלאַפּן מיטן קאָפּ אין דער מוטערס אײַטער, זי זאָל זיי מער מילך געבן.

די קינדער זענען אַרום הירשעלען געשטאַנען און ווי לאַנג ער האָט געגעסן, האָבן זיי געגלעט דאָס זײַדענע רוקנדל זײַנס און אָנגעקוקט.

הירשעלע איז געווען אַ קינד פון אַן אַזיאַטישן הירש, אָדער מאַראַל, וועלכע טרעפן זיך זייער זעלטן אין די אַרקטיקע בערג.

פיס האָט ער געהאַט דינע און לאַנגע. טלאָען קליינע, שאַרפע און גלאַנציקע, אַ דין העלדזל, אַ קנײַלעכדיק קעפל, מיט גרויסע, ווייך זײַדענע אויערן, וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין איין באַוועגן.

אויגן האָט ער געהאַט גרויסע, שוואַרצע ווי פלוי־
מען, אַ שטערן אַ ברייטן, אַ נעזל אַ קליינס, מיט צוויי
שטאַרק פאָכנדיקע נאָזלעכער. דער וווּקס ווי פון אַ
ערשט געבוירן לאָשאַקל.

דאָס זײַדן פעלעכל האָט זיך ווי געבעטן: גלעט־
מיך. פון ביידע זײַטן רוקנדל האָבן זיך עטלעכע ווײַ־



סע פלעקן געבליכט. קיין ווײַדל האָט ער קעמאַט אין
גאַנצן נישט פאַרמאָגט.

— ווי רופט מען אים, מאַמע?

— הירשעלע רופט מען אים, — האָט יאָסיע אָפּ־
געענטפערט פאַר דער מאַמען.

יאָסיע האָט אים נאָך בײַנאַכט געזען און דער־
פאַר זיך געפילט היימישער מיט אים.

הירשעלע האָט דערווײַל אויסגעטרונקען דאָס
לעצט ביסל מילך, אָנגעבויגן דעם עמער אױ די דעק

אויסגעלעקט. ער האָט קונציק מיט זײַן פּיצל ווײדעלע געשאָקלט און מיטן קאָפּ דעם עמער געשטויסן.

נאָך אַ שטאַרקן שטויס איז דער עמער פון שטאַל אַרויסגעפלויגן. הירשעלע איז נאָכן עמער אַרויס און ווידער אין אים דעם קאָפּ אַרײַנגערוקט און אַזוי אַ לענגערע צײַט איבערן הויף זיך אַרומגעדרייט.

הירשעלע איז, ווײַזט אויס, געווען זיכער, אַז דער עמער וועט, ווי די מאַמע הירשעכע, נאָך אַ גוטן קלאַפּ אין אינטער אַן איבעריק ביסל מילך דערלאַנגען.

פּעטקאַ, דאָס קלענסטע קינד פון די טשובאַרינס, איז אַרויס אויפן גאַנעק און פאַרשלאָפן דעם הויף באַקוקט.

הירשעלע האָט נאָך אַלץ אַרומגעטאַנצט מיטן עמער. זעענדיק אָבער, אַז דער עמער מעלקט זיך נישט מער, האָט ער דעם קאָפּ פאַרהויבן, די פיס צע־שטעלט און זיך אַרומגעקוקט. דערזעעי דעם הונט מאַ־לאַיקן, איז ער לאַנגזאַם צו אים צוגעגאַנגען, דעם קאָפּ קעגן אים פאַרנייגט און גענומען קעגן אים טאַנצן עפּעס מעשונע, ווילדע טענץ.

מאַלאַיקע איז אויפגעשפּרונגען, אַ קוק געטון בייז אויפן טענצער און זיך אַזוי צעהאַוקעט, אַז הירשעלע האָט פלינק — פײַל אויסן בויגן — זיך אָפּגעטראָגן, הינ־טער אַנגאַן זיך באַהאַלטן. ער האָט פאָרזיכטיק דעם קאָפּ פון זײַן באַהעלטעניש אַרויסגערוקט, אויף מאַלאַ־

יקן געקוקט און זיך צעלאַזט אויף אַ דין קעלכל מיט אַ קוויטשיקן אַי אַי איק...

די נאָזלעכער האָבן זיך ביי אים אויפגעבלאָזן, די אויערן אָנגעשפיצט און די זייטעלעך אונטער דער הויט זענען ווי אומגעגאַנגען. פאַר שרעק האָט ער שווער און אָפגעהאַקט געאָטעמט.

פעטקאַ האָט זיך שטאַרק צעלאַכט און פאַר פרייד אַזש אָנגעהויבן צו טאַנצן:

— זעסט, ער קוויטשעט, ווי אַ קעצל קוויטשעט ער, און מאַלאַיִק דערלאַנגט אים, זעסט:

— איך מיין, אַז דו וואָלסט אויך נישט בעסער געווען אויף זיין אָרט, — האָט געזאָגט דער טאַטע, דערביי האָט ער פעטקען אויף דער האַנט גענומען און הויך איבערן קאָפּ אים אויפגעהויבן.

אַז אַלע זענען צום פרישטיק אין שטוב אַריין, איז זיי הירשעלע נאָכגעגאַנגען. בעשאַס אלע האָבן געגעסן ביים טיש, האָט ער איבערן צימער אַרומגעשפאַצירט, מיט די טלאָען געקלאַפּט און אַרומגעשמעקט אַלץ.

ער האָט דאָס העלדזועלע פאַררִיסן, דעם קאָפּ געשפאַרט אין די שויבן און אונטער די בעטן, ער האָט אין אַלע קריגעלעך אַריינגעקוקט, איז אַוועק אין צווייטן צימער, באַלד אָבער איז ער צוריקגעקומען, אויסגעקליבן פאַר זיך אַ ווייל ערטעלע: אויפן מיטן

שוועל, מיט אַ זיפּץ אויף די קני זיך אַראָפּגעלאָזט און אַנידערגעלייגט זיך.

נישט ווײַט פֿון הירשעלען איז אַ ווײַס שטיקל פּאַפּיר געלעגן, האָט ער עס מיט די ליפּן דערלאַנגט, מיט אַ שאָרך עס אין מויל אַרײַנגעכאַפּט און מיט גרויס אַפּעטיט עס אָנגעהויבן צו קײַען.

דערזעענדיק דאָס, האָט דער פֿיר־יעריקער פּעט־קאָ אויף הירשעלען ראַכמאָנעס געקריגן און אים דער־לאַנגט אַ האַרט שטיקל ברויט. הירשעלען איז דאָס געפֿעלן געוואָרן און ער האָט פּעטקען דערלויבט גלעטן זײַן ווייך פֿעלעכל און עפּעס האָט ער אים ווי אָפּגע־דאַנקט מורמלענדיק שטיל אונטערן נאָז.

נאָכן פֿרישטיק האָבן כעוורע קינדער אַ גאַנצן טאָג בײַם טײַכל זיך געשפּילט, און הירשעלע איז מיט דער באַלעבאָסטע אין שטוב פֿאַרבליבן: ער איז איר פּוסטריט נאָכגעגאַנגען, ער האָט זי פֿון אויג נישט געלאָזט. אין הויף, אין שטאַל, בײַם אויוון — אומעטום האָט ער זי פֿאַרפֿאָלגט, אויף קיין רעגע נישט אָפּגעלאָזט.

די גאַנצע צײַט וואָס די באַלעבאָסטע האָט דעם מי־טאָג געגרייט אין שטוב, איז הירשעלע געלעגן שטיל און נאָר מיט די אויערן באַוועגט. בלײַבן איינער אַליין אין הויף איז אים אומעטיק געווען און נישט היימלעך.

נאָכלויפֿנדיק נאָך דער באַלעבאָסטע איבערן הויף, פֿלעגט ער מיט מאַלאַקן זיך באַגעגענען, אָנשטעלן

אַקעגן אים דעם קאָפּ און פּאַר קאָס מיט די פּיסלעך טופּען — געוואָלט באַווייַזן, אַז ער, הירשעלע, האָט נאָך די מייַסע פון אינדערפרי נישט פאַרגעסן.

מאַלאַיק פלעגט אין אַזעלכע פאַלן אים ענטפערן אויף זייַן הינטישן לאָשן, פּראָסט און אויסדריקלעך:

אַר—ר—ר—ר!

מיטאָג-צייַט האָט זיך הירשעלע שטאַרק אויסגע-הונגערט. ער האָט די גאַנצע צייַט דער באַלעבאָסטע אונטער די פיס זיך געפּלאָנטערט און מיטן קאָפּ איר אין בויך געקלאַפּט.

הירשעלע האָט אַפּאָנעם געמיינט, אַז זי, די באַ-לעבאָסטע, איז אַ מאַמע זייַנע, און דערפאַר איז זי מע-כוייעוו אים עסן צו געבן, און דאָס קלאַפּן מיטן קאָפּ אין בויך האָט געזאָלט הייסן: דערלאַנג מילך און אַ סאָף...

די באַלעבאָסטע האָט לאַכנדיק און אויסמייַדנדיק הירשעלעס קלעפּ, זיך צוגעאייַלט מיטן צוגרייטן עסן פאַר אים.

ווען זי האָט דעם שמײַר אויף דער ערד אוועק-געשטעלט, האָט שוין הירשעלע אַליין דעם קאָפּ אין עמער אַרײַנגערוקט און גענומען טרינקען.

ער איז אַזוי דאָרשטיק געווען, אַז גלייַך נאָך די ערשטע זופּן איז שוין דער עמער אויף אַ זייַט געלעגן און ווייַסע שטראָמעלעך מילך האָבן זיך אין אַלע זייַטן צערונען.

— אָך, דו גאָרנישט אײנער! — האָט די באַלע־באָסטע אויף אים זיך אָנגעבײזערט, — וואָס האָסטו עס געטון?

נאָר ס'העלפט גאָרנישט — און מילך מוז מען נאָכ־אַמאָל געבן, ווײַל ער האָט שוין ווידער אָנגעבויגן דעם קאָפּ און איז גרייט געווען מיטן קאָפּ אין בויך איר דערלאַנגען.

די ערשטע צײַט איז הירשעלע נאָכגעגאַנגען דער באַלעבאָסטע ווי אַ צוגעבונדענער. אַ סאַך געגעסן און געשלאָפן.

אויף די קינדער האָט ער קײן אַכט נישט גע־לייגט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן געטון אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך איז, קעדיי אים צו געפעלן.

עמעס, ער האָט זיך קײנמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו נעמען בײַ זיי פון דער האַנט אַן עפּל, אַ באַרנע, אַ האַרט שטיקל ברויט און וואָס נאָר עס האָט זיך גע־מאַכט, נאָר ער האָט עס שטענדיק געטון מיט אַ מינע פון גלײַכגילטיקייט — ווי ער וואָלט זיי מיט דעם אַ גרויסע טויווע געטון.

## 3

אַזוי איז אַדורך אַ כאַדאָשים צוויי. פאַר דער צײַט האָט הירשעלע זיך צוגעוווינט צו מענטשן און צו אַלץ, וואָס רינגלט זיי אַרום. פאַר הינט האָט ער שוין מער קיין מוירע נישט געהאַט אַזוי, און אָפט

פלעגט ער אַוועקגיין שפּאַצירן, גאַנץ ווײַט פֿון דער היים.

די ווײַסע־פֿלעקן פֿון רוקן זענען פֿאַרשוווּנדן, און די האָר פֿון זײַן דין פֿעלעכל (ווײַסע פֿלעקן טרעפֿן קעמאָט בײַ אַלע קינדער פֿון אַ הירש, אָדער פֿון אַ ווילדער ציג, אָבער נאָר קליינערהייט. [ווי נאָר זיי וואַקסן אונטער, פֿאַרשווינדן די פֿלעקן). אויף הירשע־לעס שטערן האָבן זיך צוויי קליינע בערגעלעך אויפֿגעהויבן — דאָס האָבן זיך בײַ אים שוין הערנער גע־שניטן.

די באַלעבאָסטע האָט הירשעלען זייער ליב גע־האַט, אים גוט צוגעזען, און הירשעלע איז געוואַקסן הויך, שיין און גרויס.

ער פֿלעגט שוין אויסטרינקען פֿולע קריגלעך מילך. איינמאָל האָט מען אים דערלאַנגט אַן עמער מילך צעמישט מיט וואַסער, האָט הירשעלע פֿון דעם נאָר איין זופּ געטון, דערנאָך מיטן פֿוס דעם עמער אומגעקערט און אויס — הירשעלע האָט צו מילך מער קיינמאָל זיך נישט צוגערירט.

מיט דעם האָבן זיך זײַנע קינדער־קעסט געענדיקט. הירשעלע איז אַריבער אויף אַן אַנדערער שפּײַז: איניי־נעם מיט דער קו קלײַען געגעסן און מיטן פֿערד האָט ער אינעם האָבער אויך שוטפֿעס געמאַכט.

פֿאַר די פֿערד האָט הירשעלע מורא געהאַט: זיי האָבן דאָס שוטפֿעס נישט געוואָלט לײַדן און פֿלעגן אים בײַסן.

טשובאַרין פלעגט הירשעלען באַזונדער אין אַ ווינקעלע אַ ביסל האָבער אָנשיטן, קעדיי אויסצומיידן קריגערייַ.

דערפאַר מיט דער קו האָט הירשעלע זיך גאָר אַנדערש אויפגעפירט: אַז מען פלעגט איר אין אַ צע־בער עסן דערלאַנגען, פלעגט ער זיך צוגיין, דעם קאָפּ איז צעבער אַרייַנשפּאַרן און רויִק נעמען עסן. און זי, די קו, שטייט אָן אַ זייַט, קוקט און דערוועגט זיך אפּי־לע נישט צוגיין נאָענט.

— אַך, דו, לעק איינער! — פלעגט עמעץ פון די באַלעבאַטים אויף אים זיך אָנבייזערן, זעענדיק די אוו־לע, וואָס הירשעלע באַגייט דאָ. און הירשעלע פלעגט אויפהייבן דעם קאָפּ, אָנשפּיצן די אויערן עטלעכע שיינע טענץ אויסשפּרינגען, איבערן פלויט אַריבער־שפּרינגען און באַלד אויפן באַרג אַרויף.

עסן האָט הירשעלע ליב געהאַט אַ סאַך, פון נאַ־שערייַען איז דאָס בעסטע געווען — שטיקלעך נישט דערייכערטע פּאַפּיראָסן. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער אַרומ־גיין אַרום שטוב און זיי אונטערקלייַבן: אַכוץ פּאַפּיר האָט ער אַפּאָנעם ליב געהאַט קייַען שטיקלעך איבער־געבליבענעם טאַבאַק, וואָס אין די פּאַפּיראָסן.

אויך לויפן האָט ער ליב געהאַט און שפּרינגען אַ סאַך, — ווי ס׳וואָלט אין זייַנע אָדערן נישט קיין בלוט נאָר קוועקזילבער געפלאָסן, ער אַליין פלעגט זיך צו־טראַכטן אַלערליי שטיק און שטיפערייַען.

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

פרייז 30 גר. **№ 15.** 10 STYCZNIA 1936

# „Kinder - Frajnd"

DWUTYGODNIK **Wydanie B**

Adres redakcji i administracji: Warszawa I, Miła 33 m. 24.

אַ. פּעראָווסקאַיאַ

# הירשעלע



„קינדער-פריינד“, וואַרשע 1936

איינמאָל האָט די באַלעבאָסטע אויסגעוואַשן ווײַס

און אין הויף אויף א שטריקל דאָס אויפגעהאָנגען צום טריקענען. איז הירשעלע צוגעגאנגען, דעם גרעסטן בעסטן לײַלעך אויסגעקליבן און גענומען קײַען איינעם פון זײַנע ברעגן. דערנאָך זיך מיאשעוו געווען, דעם לײַלעך פון שטריק אַראָפּגעשלעפּט, איבערן קאָפּ אים פאַרוואָרפן און, שלעפּנדיק אים נאָך זיך, פּײַערלעך אַרויס פון הויף.

אַ גליק, וואָס מען האָט עס באַמערקט און בא צײַטנס דעם לײַלעך בײַ אים פון די ציין אַרויסגערא טעוועט. נאָר דער לײַלעך איז שוין געווען אין א סאך ערטער אזוי צעלעכערט, אז ער איז אונטער די הענט זיך צעקראָכן.

אָט די טעווע צו קײַען אַלץ וואָס עס מאכט זיך נאָר איז בײַ הירשעלען געווען איינע פון די ערגסטע, און מיט דעם האָט ער די באַלעבאַטים א סאך העזעק געמאכט. אויף די פאָרהענגלעך פון פענצטער, אויף די טישטעכער און האנטעכער זענען געווען צייכנס פון הירשעלעס ציין. אויפן כאמע פּאָרנט פון נאסטיעס קלייד האָט ער א גרויסע, קײַלעכדיקע לאָך אויסגע געסן.

האָבן זיך עס דאן אביסל טרערן געגאָסן! האָט זיך עס דאן אָפּגעטון!

די אַרבעט פון קײַען האָט הירשעלע געקענט אויס־
געצייכנט.

אַזוי איז דער זומער אַוועק און דער ווינטער נאָך אים. הירשעלע איז שוין גרייט געווען דעם צווייטן פרילינג צו באַגעגענען.

העכער איז ער געווען פון אַ יאָריק קעלבל. אַ הויך, שטײַף קערפּערל, פּיסעלעך דינע, ווי אויסגעטאָקטע. דעם קאָפּ האָט ער שטענדיק געהאַלטן גאַדלעסדיק פאַרהויבן. הירשעלע איז געווען אַ וווּנדערבאַר שיין באַשעפעניש!

הערנער האָבן זיך שוין בײַ אים אויסגעשניטן. צום אָנהייב זענען זיי געווען מיט דינע ווייכע הערע־לעך באַדעקט, און אַז ער פלעגט זיך שטעלן מיט די הערנער קעגניבער דער זון, האָט מען מאַמעש געזען, ווי ריין ראָז בלוט פליסט אין זיי.

פאַר אָט דעם בלוט צאָלן די כינעזער זייער טײַער. זיי וועגן עס אויף איין וואָג מיט גאָלד, ווײַל זיי נוצן עס צו רעפּועס. זיי האַלטן סטאַדעס מאַראַלן אין ספּע־ציעלע געבײַדעס. און ווען עס וואַקסן בײַ די מאַראַלן אונטער די הערנער, זעגט מען זיי אַראָפּ.

קאָלזמאַן די הערנער זענען ווייך געווען האָט הירשעלע ליב געהאַט זיך צו פּיעשטשען. ער פלעגט צוגיין צו מענטשן, אָנבייגן דעם קאָפּ, און מען האָט געמוזט אים די הערנער אַ גלעט טון. זיי זענען געווען הייס און זייער פילבאַר, בײַ יעדן מער שטאַרקערן

ריק מיט די פינגער, פלעגט ער אויפציטערן און אָנ־הייבן זיך שלאָגן מי די פיס. דאָס האָט געהייסן: פאַר־זיכטיק, עס טוט מיר ײַ!

די קינדער האָבן ירשעלען זייער ליב געהאַט. גאַנצע טעג פלעגן זיי צוזאַמען זיך שפּילן, און אַז די קינדער פלעגן אין וואַלד אָדער אין די בערג אַוועק־



גיין, פלעגט הירשעלע זיי שטענדיק נאָכגיין.

דאָס איז געווען אַן אויסטערליש בילד: טשובאַ־רינס קינדער, זייערע כאַווירים, אַ פיר־פינף הינט און הירשעלע אינמיטן. —

איינמאָל האָט אים נאַסטיע מיט עפּעס אַבּנגע־רויגעזט און דערנאָך אין אַ שפּאַס זיך געלאָזט לויפן. הירשעלע האָט גיך נאָך איר לאַנג נאָכגעיאָגט. נאַסטיע

איז אויפן גאַנעק אַרויפגעשפּרונגען און פון דאָרט אים א לאַנגע צונג באַוויזן.

הירשעלע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דאָס פּאָ-נעם פאַרקרימט און האָט איר אויך... אַ צונג באַוויזן און דערצו נאָך אַרויסגעלאָזט אַ שפּאָטישן פּ... פּ.... פּ.... פּ....

די יינגערע קינדער האָבן זיך פאַר געלעכטער פאַר די זייטן געהאַלטן:

— נו, אַ יאַט! נו, אַ כעוורעמאַן! זעסט, ווי ער גיט אויסגאַב! —

און כעוורע קינדער האָבן אָנגעהויבן אָפּט צו-שפּילן מיט הירשעלען אין דער שפּיל.

אַזוי האָבן זיי געשפּילט ביז די הערנער זענען ביי אים פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, און דאַן האָבן זיי שוין כאַראַטע געהאַט, וואָס זיי האָבן אים צו אַזאַ שפּיל צוגעוויינט.

אַז זיינע הערנער זענען האַרטער געוואָרן, האָבן די הערעלעך גענומען אויסקריכן פון זיי. הירשעלע פלעגט מיט זיי איך די ביימער זיך רייבן, געוואָלט וואָס שנעלער דאָס דינע פעלעכל פון זיי פאַרניכטן. הירשעלעס הערנער זענען געווען נישט קיין גרויסע און נישט קיין פאַרצוויגטע, איינפאַכע.

אויפן צווייטן יאָר, ווען די הערנער זענען אָפּגע-פאַלן, האָט ער אַנדערע באַקומען — שענערע, מיט צוויי קליינע אָפּצוויגן.

מיט יעדן יאָר האָבן זיך זײַנע הערנער מיט אַלץ נײַע צװײַגעלעך באַרײַכערט, און אַזױ נאָכאַנאַנד, ביז ער איז געװאָרן רײַף און דערװאַקסן.

לױט דער צאָל צװײַגעלעך אױף די הערנער דערקענען געניטע יעגער, װי אַלט דער הירש איז.

## 5

באַקומענדיק שאַרפע, שטאַרקע הערנער האָט הירשעלע דעם קאָפּ פאַרריסן און גאַדלעסדיק אין און אַרום הױף אַרומגעשפּאַצירט.

דורכגײענדיק אײנמאָל איבערן הױף, האָט הירשעלע איבערגעדרײט דאָס שיסעלע מיט מאַלאַיקס עסן.

מאַלאַ.ק, זעענדיק, אַז ער איז געבליבן אָן עסן, האָט זיך בײז צעצײַנערט און אָנגעהױבן שטאַרק צו בילן.

נאָר אָנשטאָט דעם, אַז הירשעלע זאָל זיך װי אַלעמאָל דערשרעקן און אַנטלױפן, האָט ער דעם הערנערדיקן באַװאָפנטן קאָפּ אָנגעבױגן, געװאָרפן זיך אױף מאַלאַיקן, צוגעדריקט אים צו דער װאַנט פון שטאַל און גענומען אים שלאָגן מיט די פאָדערשטע פיס. מאַלאַיק האָט פאַר װײטיק אַזש געװאָיעט.

די שטוביקע האָבן געמוזט אַרױסראַטעװען מאַלאַיקן.

נאָך עטלעכע אַזעלכע צופאַלן האָבן די הינט פאַר

הירשעלען שוין מוירע געהאַט, אַזוי ווי פּאַר פּײַער האָבן זיי פּאַר אים געציטערט. אָבער ווען די הערנער פלעגן בײַ הירשעלען אָפּפאַלן, פלעגן די הינט אין זיום זיך נויקעם זײַן.



איינמאָל האָט פּעטקאַ געוואָלט הירשעלען געבן אַ שטיקל שאָלעכץ פון קאַוואַן, וואָס ער האָט געגעסן. הירשעלע האָט פּעטקאַן אומגעוואָרפן, זיך געשטעלט אויף זײַנע פּלייצעס און אָנגעהויבן צו טאַנצן. פּעטקאַ האָט זיך צעשריגן. אַלע זענען אויפן הויף אַרויסגעלאָפן, אָנגעהויבן יאָגן הירשעלען. הירשעלע איז באַלד אָפּגעטראָטן, ווײַליוונגעריש זיך פאַרוויגט, דעם פלויט אַריבערגעשפּרונגען און הײַדאַ אין וואַלד אַרײַן.

אַז פּעטקאַ האָט זיך באַרויקט, האָבן אַלע דעם

איניען באַטראַכט און באַשלאָסן: ס׳איז פאָרגעקומען נאָר אַ מיספאַרשטייעניש — הירשעלע האָט פּעטקען נישט פאַרשטאַנען: ער האָט געמיינט, ער רייצט אים, נאַרט אים אָפּ.

דער פּאָטער האָט געזאָגט:

— די קינדער זענען אַליין שולדיק: פריער רייצן זיי אים, רוקן די פינגער גלייך אין פּאָנעם אַריין, האָט ער אַצינד אויך געמיינט, אַז מען רייצט אים. וואַרט, וואַרט, קינדער, באַלד וועלן ביי אים די הערנער קרעפּטיקער ווערן, וועט ער ערשט באַווייזן, וואָס ער קאָן.

און אַזוי איז טאַקע געווען. הירשעלע האָט עס נישט איין מאָל דערוויזן. פאַרנאַכט האָט זיך הירשעלע אומגעקערט פון זיין שפּאַציר. דער באַלעבאָס האָט אים אויף עטלעכע טעג אין שטאַל פאַרשפּאַרט — זאָל ער וויסן, ווי אויף קינדערשע פּלייצעס צו טאַנצן.

אויפן צווייטן טאָג איז הירשעלען שטאַרק אומעטיק געוואָרן, ער איז אַרומגעגאַנגען פון איין ווינקל אין צווייטן און נאָכאַנאַנד געזיפצט. אויפן דריטן טאָג איז ער אומגעדולדיק און בייז געוואָרן, אַהין און צוריק אַרומגעלאָפן און דעם קאָפּ אַלץ אין די שטאַל־פענצטערלעך געשפּאַרט.

פון דעמאָלט אָן האָבן די קינדער אויפגעהערט האָבן צו טון מיט הירשעלען: נישט שפּילן זיך מיט אים, נישט רייצן זיך.

# 6

ווינטער איז איז דאָרף שטיל געווען, טויט. מענטשן האָבן זיך איז די כאַטעס פאַרשפאַרט. די קינדער זענען אין שול געגאַנגען.

ס׳איז דער ערשטער שניי אַרויסגעפאַלן. הירשעלע האָט אים פריידיק באַגעגנט. ער האָט געטאַנצט אין שניי, זיך געוואַלגערט אין אים, אָנגענומען אַ פולן מויל מיט שניי און געגעסן אים.

הירשעלע האָט אויף זיך שוין פאַרמאָגט אַ געדיכטן וואַרעמען פעלץ. באַזונדערס ווייך און פוכיק איז דער פעלץ געווען בײַם האַלדז, ווי ער וואָלט מיט אַ שיינעם וואַרעמען קאָלנער באַפוצט געווען. אַ פראַכטפול-שיינער געפלעכט פון פרענדז האָט זיך געצויגן פון די פאָדערשטע פיס איבערן גאַנצן אונטן פון בויך, און נאָר די פיס זענען געבליבן ווי זומער — דין שלאַנק און הויל.

אַ מאַראַל שיידט זיך אונטער פון אַ צאָפן-הירשטאַקע נאָר מיט דעם: בײַ אַ צאָפן-הירש זענען די פיס אַ סאַך קירצער און דינער, בײַ די סאַמע טלאָען זענען זיי באַוואַקסן מיט אַ געדיכטער באַרשט פון האָר. אַ מאַראַל אָבער שפּאַצירט אַרום סײַ ווינטער, סײַ זומער אויף הויכע דינע אָפּצאַסן.

דער גאַנצער ווינטער איז דורך אָן קיינע באַזונדערע געשעענישן. הירשעלע פלעגט אָפט אין וואַלד

און אין די בערג אַוועקגיין, באַלד אָבער צוריקקומען.

איינמאָל איז ער געקומען צו לויפן פון דאָרף, נאָך אים האָבן זיך געיאָגט אַ צענדליק יאַגד־הינט.

די הינט האָבן זיך געטראָגן מיט אַ בילערײַ און הירשעלע איז געלאָפן פאָרויס, פאַררייסן דעם קאָפּ מיט שטאַרק זיך באַוועגנדיקע נאָזלעכער.

די שפּיל איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט דעם פאַרצווײַגטן הערנערדיקן קאָפּ אָנגעבויגן און דרייסט אין געשלעג זיך געוואָרפן.

די שוואַכערע הינט האָבן זיך באַלד צוריקגע־צויגן, די מער אײַנגעשפּאַרטע האָט ער רעכט צע־קלאַפּט מיט זײַנע שטאַרקע טלאָען.

## 7

אַז אַ וואַרעם ווינטל האָט נאָר אַ בלאָז געטאָן און דער שניי האָט אָנגעהויבן צעגיין, האָט זיך היר־שעלע נאָכן וואַלד פאַרבענקט. אין פעברואַר האָבן בײַ הירשעלען אָנגעהויבן־אויסקריכן די האָר: דער שיינער גרוי־רויטער פעלץ איז צעפליקט געוואָרן און שטיקערווײַז געהאַנגען.

כאָף מערץ זענען בײַ אים די הערנער אָפּגעפאַלן.

ס׳האָבן שטראָמען וואַסער גענומען רינען, פון אונטערן שניי האָבן זיך בלימעלעך באַוויזן, פעלדער אוןביימער האָבן זיך צעגרינט, אין די בערג און פעל־

דער האָבן זיך שוין געהערט פריילעכע קוילעס פון די קינדער.

הירשעלע איז זייער אומרויק געווען. סאָף מאַי האָבן זיך בײַ אים ווידער הערנער באַוויזן.

הירשעלע האָט זייער געליטן פון פליגן, וועלכע פלעגן מאַסנוויַיז באַפאַלן זײַנע הערנער און זייגן דאָס יונגע בלוט פון אים. אין שטאַל פלעגט הירשעלע אין אַ ווינקל זיך פאַרקלײַבן און אַ גאַנצן טאָג דאָרט אָפּ־שטיין. צו צײַטן פלעגט ער אַרויסגיין, אַוועקגיין אין נאָענטן וועלדל. דאָרט פלעגט ער אַרומעסן די בלע־טער פון די נידעריקע ביימער, צעקײַען יונגע צווײַג־לעך, ווי אויך שטיקער קאָרע מאַלעגיירען.

די באַלעבאָסטע האָט הירשעלען שטאַרק מיט־געפילט. געפרוווט מיט אַ שמירעכץ זײַנע הערנער באַשמירן, אָבער דאָס שמירעכץ האָט געברענט זײַנע פאַנטן (אַזוי הייסן יונגע הערנער בײַ אַ מאַראַל). זי האָט אים אָפּט מעכאַבעד געווען פון שענסטן און פון בעסטן. הירשעלע איז איר זייער דאַנקבאַר געווען: ער פלעגט איר אויפן אַקסל זיין אומעטיקן פּיסק אַוועק־לייגן און שטיין אַזוי לאַנג, לאַנג, די אויגן פאַרמאַכט, פילנדיק דערבײַ דאָס וואַרעמע גלעטן פון דער באַלע־באָסטעס מילדער, צערטלענדיקער האַנט.

זי האָט שטאַרק מוירע געהאַט, אַז עמעצער פון די יעגער, וואָס באַווײַזן זיך לעצטענס אין די בערג, זאָל הירשעלען נישט אַוועקפּאַטערן, מיינענדיק, אַז

דאָס איז אַווילדער הירש. זי האָט אים אַ ברייטן רי־
מענעם האַלדזבאַנד אָנגעטאָן און צום האַלדזבאַנד צוויי
בונטע בענדלעך צוגעניייט: אַ רויטס און אַ בלויס.

פונדעסטוועגן האָט עס נישט געהאָלפן, און היר־
שעלען האָט דעם יעגערס קויל נישט אויסגעמיטן.

## 8

איינער אַ יעגער האָט זיך באַזעצט אין אַ וואַלד־
ביידל אויף אַ באַרג נישט ווײַט פון טשובאַרינען.

גאַנצע טעג פלעגט ער אַרומשפּאַצירן, פלעגט
פאַרשידענע שטייגדלעך און גרעזלעך אויפקלײַבן, בײַ־
נאַכט אין זײַן ביידל זיי אין קעסטעלעך פונאַנ־
דערלייגן.

אָט דאָס ביידל האָט נישט איין מאָל הירשעלע
באַזוכט: קיינמאָל אָבער האָט אים דער יעגער נאָך
נישט געזען. ער האָט אין און אַרום ביידל אַ סאַך גוטע
זאַכן געפונען: אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ נישט דערײַכערטן
פּאַפּיראָס — דאָס אַלץ קומט צונוץ צום קײַען.

איינמאָל איז ער אַהין אַוועק בײַנאַכט, און דרייסט
אַרײַן אין ביידל.

דער יעגער האָט נישט באַמערקט דעם האַלדזבאַנד
מיט די בענדעלעך, ער האָט אַפילע נישט אַ טראַכט
געטון, אַז אַ ווילדער הירש וועט קיינמאָל אַזוי נאָענט
צו אַ מענטשלעכער וווינונג נישט צוגיין — ער האָט אַ

כאַפּ געטאָן זײַן ביקס און אויסגעשאָסן.

הירשעלע איז מיט אַ שווערן זיפץ אויף דער ערד אומגעפאַלן.

אַ פאַרבײַפאָרנדיקער וואַלד־וועכטער האָט דעם שאָס דערהערט, צוגעריטן צום בײַדל און הירשעלען דערקענט.

ער האָט גלײַך געלאָזט וועגן דעם צווייסן טון די טשובאַרינס.

ביידע זענען גלײַך געקומען צילויפן.

צום גליק איז הירשעלע נישט געפערלעך פאַר־וווּנדעט געוואָרן. דער יעגער האָט דעם האָרן אויף דורך און דורך דורכגעשאָסן: דאָס אויבערשטע פון האָרן, דער שפּיץ, איז געבליבן הענגען אויפן פעלעכל.

מען האָט זיך גענומען פאָרען אַרום הירשעלען: דאָס שטיקל הענגענדיקן האָרן האָט מען אָפּגעזעגט. ער האָט מיט די פיס געשלאָגן און דאָס בלוט האָט ווײַט דערלאַנגט און די נאָענטסטע ביימער זענען אין פיל ערטער רויט געוואָרן.

אַז מען האָט די אָפּעראַציע פאַרענדיקט און די וווּנד מיט יאָד באַגאָסן, איז הירשעלע אָן קויכעס ליגן געבליבן.

אַ גאַנצע נאַכט איז ער געלעגן אויף איין אָרט, שווער געאָטעמט און געזיפצט.

אויף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען און אַליין אַהיים אַוועקגעגאַנגען.

יענץ יאָר זענען די הערנער בײַ הירשעלען געווען נישט קיין גלײַכע: אײנער ווי ס'געהער צו זײַן, דער צווייטער אַ קורצער, אַ דורכגעשאָסענער. אַלע האָבן געמיינט, אַז בײַ הירשעלען וועלן שוין אויף שטענדיק פֿאַרבלײַבן נישט קיין גלײַכע הערנער, האָבן אָבער אַ טאָעס געהאַט: סאָף קומענדיקן זומער זענען אים אָנגעוואַקסן שיינע, גרויסע, צעצווײַגטע גלײַכע הערנער.

די קינדער זענען געוואַקסן זײַט בײַ זײַט מיט הירשעלען און האָבן פֿאַר אים גאָר קיין מוירע נישט געהאַט, כאָטש ער איז געווען אי גרעסער, אי שטאַרקער פֿאַר זיי.

נישט איין מאָל האָט ער זיי דאָך געוויזן, ווער עלטער איז, ספּעציעל דאַן, ווען ס'פּלעגן אים אָפּוואַקסן די הערנער.

די קינדער פּלעגן אים אין אזוינע פֿאַלן נאָכלויפֿן און שרײַען:

— נו, נו, האַלט זיך נישט אַזוי גרויס, דו, נאַרישער קאָפּ אײנער!

זעענדיק, אַז זײַנע דראָענדיקע שטיק האָבן נישט קיין דערפֿאָלג, פֿלעגט הירשעלע צוגיין צו די קינדער, נעמען בײַ זיי פֿון די הענט דאָס ברויט מיט זאַלץ און צערטלעך זײַן פּיסק שפּאַרן זיי אין פּאָנעם. ער האָט זיי אַזוי ווי באַרויִקן געוואָלט: נאַרישע קינדער וואָס איר זײַט, איך האָב נאָר געוואָלט זיך אַ רייץ טאָן מיט אײַך!

## 9

איינמאָל, ווען הירשעלע איז אַלט געוואָרן פינף יאָר, איז ער פּלוצים אַוועק פון דער היים און פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע צוויי כאַדאָשים.

אַלע אין שטוב ביי די טשובאַרינס זענען זיכער געווען, אַז הירשעלע לעבט שוין נישט, א יעגער האָט אים זיכער אַוועקגעפּאַטערט.

נאָר ס׳הייבט זיך גאָרנישט אָן: אַ פרישער, אַ געזונטער, אַ פריילעכער איז ער אַהיימגעקומען.

עטלעכע טעג נאָך זיין צוריקקערן איז ער געווען זייער צאַרט און נאָכגיביק. די באַלעבאָסטע און די קינדער האָבן פון אים שטאַרק אָנגעקוואָלן און נישט געקאָנט זיך זאַט אָנקוקן אויף אים.

אינגיכן האָט זיך דער באַלעבאָס דערוווּסט, אַז אין די דערבייאיקע וועלדער האָבן זיך מאַראַלן באַוויזן. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז הירשעלע איז שוין נישט זייערער: ער וועט צו זיינע נאָענטע אַוועקגיין. עפשער וועט ער נאָך צוריקקומען? האָט געמיינט די באַלעבאָסטע. נאָר הירשעלע איז אַוועק און טאַקע אויף שטענדיק.

ס׳איז פאַר אים אָנגעקומען יענע צייט, ווען א הירש איז גרייט זיך שלאָגן מיט דער גאָרער וועלט, זוכנדיק אַ פרוי פאַר זיך.

די קינדער זענען זיכער געווען, אַז ער וועט אַלע

זײַנע קעגנער בײַקומען און װעט װערן אַ העלד בײַ די הירשן, זײער אָנפירער.

און אַזױ איז עס מיסטאָמע געװען!

— זײַ געזונט און שטאַרק, הירשעלע, און פאַר־ — געס אונדז נישט!

—

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

**פרייז 30 גר.** **№ 16.** 25 STYCZNIA 1936

# „Kinder - Frajnd"

DWUTYGODNIK **Wydanie B**

Adres redakcji i administracji: Warszawa 1, Miła 33 m. 24.

דעם 10 פעברואַר 1936 דערשײַנען:

ביבליאָטעק „א".

**ש. האַראָנטשיק**

**בײַ שוועל**

לעצט בוך

**זשורנאַל**

**קינדער פרײַנד**

פאַר קינדער און יוגנט

**נומער 1**

ביבליאָטעק „ב".

אין צוזאַמענהאַנג מיטן טויט פון מײַסטער פון קינדער־ליטעראַטור

**ר. קיפּלינג**

**מײַסעלעך**

אַדרעס פאַר געלט (דורך אַ Przekaz Rozrachunkowy):

„Kinder - Frajnd", Warszawa, Kartoteka 662.

ביים שיקן געלט בעטן מיר אָנווייזן אויף וואָס דאָס געלט ווערט געשיקט.

**לייענט אונדזערע פּראָספּעקטן אין דעם בוך!**

**באַניַיט גלײַך דעם אַבאָנאַמענט!**

O. PEROWSKAJA HIRSZELE

Druk. „RENOMA", Warszawa. זעצערײַ בלאָנק, מלאַווסקע 4.